מירל ערדבערג־שאַטאַן.

# ניט פון קיין פרייד

לידער

מאנטרעאל — 1950

MIREL ERDBERG SHATAN

# NIT FUN KEIN FREID



שער - בלאַט געצייכנט פון ב. מלחי

Printed in Montreal

CITY PRINTING CO.

געהייליקט די קדושים פון מיין שטעטעלע קוטנע
אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער אין כעלמנא 1942.
אַ מצבה פריידע צאלע, איר זון יצחק און יהודה ערדבערג,
אומגעקומען אין אַשוויענטשים 1944.

ניט פון קיין פרייד איז מיין ליד וואָס איך זינג,
ניט ווערטער פון טרייסט מיינע פשוטע רייד.
אַ רינגעלע אַ קליינס פון אַ גרויסער קייט,
וואָס קייטלט דעם טרויער פון דורות און צייט.

# מיין שטעטעלע קוטנע

שטעטעלע מיינס מיט ליכט פון באַגינען,
ביסט פול ווי אַ מילגרוים מיט יידן געווען.
איצט קום איך דיין גורל, דיין אומקום באַזינגען,
„ביסט שטעטעלע מיינס שוין יידן־ריין.“

איך האָב אויף אַ רגע מיינע אויגן פאַרמאַכט,
געזען דיך מיין שטעטל אין גרויען פאַרנאַכט,
דערפילט אין זיך אַזאַ נאָענט געוויין,
„ביסט שטעטעלע מיינס שוין יידן־ריין.“

פאַראיינזאַמטע גאַסן אַ פוסטקייט אין רוים,
פאַרלאָזענע שטיבער, קיין פויגל אויף בוים.
דער שול־הויף פאַריתומט קוקט אויפן פלויט;
ניטאָ שוין קיין יידישע קינדערלעך דאָרט.

שטעטעלע מיינס מיט ליכט פון באַגינען,
„ביסט שטעטעלע מיינס שוין יידן־ריין.“
דיין פרייד וועל איך קיינמאָל שוין צוריק ניט געפונען,
געהייליקט אויף אייביק דיין נאָמען זאָל זיין.

# קוטנע מיין היים־שטאָט

מײַנע פרײַנט, עווא און הערמאַן קירשבוים
אומגעקומען אין קאַמף ביים
געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע — געהייליקט.

היים־שטאָט מײַנע פון רב יהושילע קוטנער,
פון שלום אש און י. י. טרונק,
מאַרטירער הערמאַן קירשבוים און חוה,
ביסט שטעטל פילפאַרביק געווען ווי אַ פּאַווע.

דו האָסט מיך באַפרוכפּערט מיט אַלערליי תורות,
פון הערצל ביז מאַרקס, טאָלסטאָי און רמב״ם.
פון פעלקער געראַנגל, טרויער פון דורות,
און טראָגן דעם יאָך פון מײַן פאָלק, און מײַן שטאַם.

עס האָט מיך דײַן ליכט אין ווייטן באַגלייט,
געטרייסט אין דער פרעמד, געפורעמט מײַן זײַן,
איבער ימען, יבשות אין אַפּשניט פון צייט,
ביסט תמיד מײַן צידה־לדרך געווען.

דײַן יוגנט די האָפנונג, אַנזאָג אויף פרייד,
האָט מיט גלויבן געמינערט דעם אומעט, די נויט,
פאַר אַ ליכטיקן מאָרגן די קערנער פאַרזייט
איצט ליגסטו פאַרגליווערט אין אומקום פון טויט;

אַז יידישע קינדער, אַז יידישן ליד,
אַז בערל דעם טרעגער, אַז יאַנקל דעם שמיד,
אַז יידישע קראָמען, אַז זשעליכאָווס מיל,
אַז גרופּקעלעך יידן פאַרנאַכט אַרום שול.

אַז יידישע ספרים, אַז יידישן בוך,
אַז יידן פון שבת, אַז יידן פון וואָך,
אַז בענטשליכט, אַז זמירות, אַז קידוש אַז ווייַן,
עס שוועבט איבער אַלץ דער צער פון פאַרגייַן.

* * *

פאַר זיי פאַר די שכנים בליט אַלץ אויפסניי,
זיי האָבן שוין קאַרן און בלומען פאַרזייט,
עס גייט אויף דאָס ברויט פון יידישן וויי,
זיי האָבן שוין צוריק געפונען די פרייד.

ערשט נעכטן האָט דאָרט אונדזער גאָרטן געבליט,
זיבנט דורות פאַרוואָרצלט געווען איז מיין שטאָם,
פאַרלאָשן איז איצט דייַן זון און דייַן ליכט,
געהייליקט אויף שייטערס און קדוש השם.

שטיי איך אָן אבל געבויגן מיין קאָפּ,
פאַר דיר מיין היים, פאַר קוטנע מיין שטאָט.
פאַר וואַרשע, וולאָצלאַוועק, לאָדזש און לובלין,
פאַר הונדערטער שטעטלאַך פון אייגענעם מין.

פאַר מיר וועט דיין הימל שוין אייביק זיין גרוי,
דיין זון אָן ליכט, דיין גראָז אָן טוי.
מיט וואָרצל ביסטו פאַרשניטן געוואָרן,
ווער וועט מיין שטאָם דאָרט ווידער געבוירן?

היים - שטאָט מיינע און שטעטלעך פון פוילן,
מיט יידישן טרויער און ליכט פון בעל - שם,
איך טראָג אויף די אַקסל דיין צער, און די גרוילן,
דאָס ליכט און דיין טרויער, פון קידוש השם.

1944

# ווידער איז דיין נאָמען

וולאצלאוועק געהייליקט

ווידער איז דיין נאָמען פאַר מיר אויפגעגאַנגען,
איבער ימען האָט צו מיר דיין צער דערגרייכט.
גרויל - קלאַנגען זיינען אמת׳ן געווארן,
און האָסט פאַר מיר ווי אַ טויטע וועלט געבלייכט.

* * *

דיין זון גייט אויף שוין אין דער הויך,
פון קוימענס שלענגלט זיך שוין רויך,
און ווידער שמעקט מיט ברויט, מיט היי,
לעבן וועקט זיך אויפדאָסניי.

און פייגל קומען אויך שוין צוריק,
בויען נעסטן היימיש גליק.
וויגט דער וואַלד זיך אין געזאַנג,
ווייסל פליסט איר אייביק גאַנג.

נאָר אין מיר גייט אויף אַ גרויל - געוויין
פאַרשניטן ליגט דאָרט מיין געביין,
מאַסן קברים, אש און ליים,
אַ זכר פון מיין דורות היים.

1944

# טרויער טעג

איך האָב מיינע שפּיגלען פאַרדעקט,
דאָס בעט ניט פאַרבעט.
קריעה געריסן,
זיך שבעה געזעצט.

נאָך מיינע שוועסטער,
פון יענער זייט ים,
געפאַלענע קדושים,
אויף קדוש השם.

נאָך מיינע ברידער,
מאַרטירער פון האַס,
זיי ליגן ווי האַרבסטיקע
בלעטער אין גאַס.

נאָך קינדער, נאָך זקנים,
פון הונגער, פון שווערד,
עס וועט זייער בלוט
ניט פאַרדעקן די ערד.

טיף איז דער ווייטיק,
טיף איז דער תהום,
עס ווײנט ניט קיין גרעזל,
עס זיפצט ניט קיין בוים.

נאָר מיר די אבלים,
אין טרויער אַליין,
ווי אין מדבר אין וויסטן,
אַ פאַרלאָזענער שטיין.

1943

# אויף יעדן בלאַט

אויף יעדן בלאַט,
זע איך דיין לעצטן ציטער.

אויף יעדן גרעזל דעם שפּור,
פון דיינע לעצטע טריט.

אויף יעדן טראָפּן טוי,
דיין לעצטע טרער.

אין יעדן שטויבל אַש,
דיין לעצטן בליק.

אין יעדן בלאָז פון ווינט,
הער איך דיין רוף!

נעם אַרויס מיך,
מיך מיט מיין קינד.

פון גרויסן באַרג,
פון באַרג אַש,

אין דרויסן בלאָזט
מחיהדיק דער ווינט,

נעם אַרויס מיך,
מיך מיט מיין קינד.

1950

# איך האָב דיך היינט געזען

פריידען געהייליקט

איך האָב דיך היינט
אין דער נאַכט געזען.
ס׳איז טאָג געווען;
דו אויף ברייטן פעלד,
און איבער דיר די זון צעהעלט.
און פונקט ווי אויף דער וואָר,
פון ווינט צעבלאָזן דיינע האָר,
און דיין יונגער בליק,
באַרוישט מיט פרילינג גליק.

און פלוצלינג ביסטו,
פון מיין אויג אַנטרינען
און כ׳האָב דיין שאָטן
ניט געקענט געפינען,
נאָר אַ גרויער וואָלקן רויך,
האָט צו מיר געקוקט פון הויך;

„זוך מיך אום,
מיך מיט מיין קינד,
אין יעדן בלאָז פון ווינט.
אין יעדן שטויבל אַש,
אין יעדן שטויבל שטויב,
און זאָג מיר וואו עס רוט,
אונזערביידנס גרוב.״

1950

II

האָב איך דיין געביין,
אין יעדן שערבל ליים,
אין יעדן שטויבל אַש,
אין יעדן שלענגל רויך
אַרומגעזוכט.

און דיין נאָמען הויך,
אין רוים געמופן,
איז דער עכע קלאַנג,
נאָכן ווינט געלאָפן,
האָב איך ניט געקאָנט,
דעם ווינט דעריאָגן,
און געבליבן שטיין,
אין דער ליידיקייט אַליין,
מיט אַזאַ נאָענט
און ווייט געוויין:

— „קיינער וויל ניט שטאַרבן,
דאָס קלענסטע ווערימל,
אַ מילבעלע אַפילו,
וויל לעבן און אַרבן״.

ווייַנט פון צער צו דיר מיין ליד,
און ס׳ציטערט מיין געמיט,
ווי בלעטער אויפן ווינט,
פאַר וואָס, פאַר וואָס,
האָב איך דיך ניט פאַרהיט?

1950

# אַז איך וועל קומען צוריק

אַז איך וועל קומען צוריק
צו מיין חרובער היים,
וועלן מיינע טריט זיך וואַקלען,
אויף חורבות פון ליים.
מיין בליק וועט פאַלן אויף שפּין געוועבן,
ווער וועט מיר שלום אָפּגעבן?

מיינע הענט וועלן הענגען
ווי צעבראָכענע צווייגן
אין טרויערן אויף אומקום
און היילִיקן שווייגן;
מיין בליק וועט פאַלן
אויף טויטן לעבן,
ווער וועט מיר שלום אָפּגעבן?

II

אַז כ׳וועל קומען צוריק,
צו מיין חרובער היים,
ווער וועט מיר אַנטקעגן גיין?
ציגל, ליים, בערגעלעד מיסט,
ווי סדום איז איצט מיין היים פאַרוויסט.

און אַז כ׳וועל קומען צוריק,
צו מיין חרובער היים,
צו וועמען וועל איך
אויף קבר־אבות גיין?

— בית עלמינס אָן קברים,
אָן מצבה־שטיין,
צו וועמען וועל איך
אויף קבר־אבות גיין?

1945

# כ׳האָב ניט געוואוסט

די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום טאָל.
דער בוים נעבן פענסטער,
האָט די בלעטער איינגערוימט אַ סוד.
דער הונט האָט אַן אויפהער געבילן,
די שטיינער האָבן מיר נאָכגעקוקט,
די הינער אין הויף,
זיינען מיר אַנטקעגן געקומען,
און מיך מיט זייער טרויער אַרומגענומען.

די זון האָט זיך געזעצט אין טאָל,
די מאַמע האָט מיך אַרויסבאַגלייט,
כ׳האָב ניט געוואוסט,
ס׳וועט זיין צום לעצטן מאָל.

# ה י י ם

איך בויג מיין קאָפּ פאַר דיר,
פאַרלוירענער בראשית חלום,
כ'וועל ווי אַ מאַמע צערטלען דיך,
מיט צער און וויי אין דמיון.

כ'וועל בענקען נאָך דיר פון דער ווייט,
איבער ים, יבשה, און שאַרף פון ווינט.
דיין אָנבליק אין זיך טראָגן,
ווי אַ מאַמע איר פאַרלוירן קינד.

דיין צער, דיין טרויער, דיין אומקום,
וועט נעסטן אין מיין געמיט,
אין די העלסטע זומער פאַרנאַכטן,
וועט בענקן נאָך דיר מיין ליד.

1944

# דערמאָנונג

אײדע מאַזע אין פרײנטשאַפט

אין ליכטיקע בלויע באַגינענס,
האָב איך דיך מײַן הײם געזען.
דו ביסט ווי א חלום פאַרשוואונדן,
אַלץ ווי אַ חלום געווען.

— דער טאַטע געבלעטערט אַ ספר,
פאַרמאַכט, געעפנט, געטײַטשט.
פאַרטראַגן אין וועלטן אין ווײַטע,
אין ספקות דעם שטערן געקנײטשט.

ביים טיש איז געזעסן די מאַמע,
פאַרטאָן אין אַ ווײַסן געוואַנט,
געצויגן אַ פאַדים אַ לאַנגן,
האָט איר צאַרטע, אײדעלע האַנט.

ביים נײען דערצײלט האָט זי מעשיות
פון ניסים וואָס זײַנען געשען,
פון קיסרים, פון פּרעות, פון משה׳ן,
מיר האָבן די וואונדער געזען.

ווי משה דעם ים האָט געשפּאַלטן,
געפירט אונדז צום לאַנד כּנען.
די מיצרים זײַנען געפאַלן,
ווי זעמדלעך אין ים אַרײַן.

מיר האָבן געפרייט זיך ווי קינדער
משה'ן געבענטשט און געלויבט,
געוואונדערט זיך איבער די וואונדער,
און הייליק אין ניסים געגלויבט.

אין טרויער פון שטילע פאַרנאַכטן,
זע איך דיך ווידער מײַן היים,
אונטער חורבות אין גריבער פאַרשאַטן,
רוט דאָס אַש פון דײַן הייליק געביין.

1944

# יצחק קאַצענעלסאָן ע״ה

צו זיין 5טן יארצייט

שירים זינגער פון ,,אויסגעהרגעטן פאָלק״
קדוש פון קדושים, הייליק גרויסער ייד.
ביסט אַ רינג אין דער טרויער־קייט געווען,
און געלאָזן אַ ירושה — דיין מעכטיק אבל־ליד.

דיין געבענטשטע האַרף געזונגען האָט מיט צאַרן,
און אויף קיין רגע זיך ניט אָפּגעשטעלט.
האָסט געזען פון בליענדיקע דורות איז אַש געוואָרן,
געשוויגן האָבן הימלען, געשוויגן האָט די וועלט.

האָסט געזען צו דער שחיטה פירן קאַראַוואַנען,
— אַלט און יונג, צו טויזנט, צו צוויי, צו דריי און צו צען,
זיינען זיי אַלע צום לעצטן וועג געגאַנגען,
ניט פאַרגאַנגען זיינען הימלען אין געוויין.

האָסט געזען לויות אין פייער, אין שטויב פון אַש —
פון עופהלעך אין מוטערס אָרעמס, אַן קיינעמס טרער באַגלייט
האָסט געזען ווי עס האָט געלאָשן זיך דער עמוד־האש,
,,געשוויגן האָבן הימלען — גאָט געשוויגן האָט.״

און דיר איז אויך באַשערט געווען דער וועג צוזאַמען
מיט זעקס מיליאָן קדושים, און מיט דיין יאוש־וואָרט,
פאַרהייליקט ווערן אין עקדה־פלאַמען,
מיט דיין לעסטערונג צו די הימלען, און צו גאָט.

האָסט דעם טרויער־קוואַל אין זיך איינגעזויגן,
פאַר אייגן צער און פאַר דיין פאָלק נאָך מערער
דעם יאָמער, האָסטו אין ליד, צו דער וועלט געוואָרפן,
נאָר טויב איז וועלט געווען, און דיין האַרץ אַלץ שווערער...

פאַרגאַנגען איז דיין זון אונטער הימלען גרויע,
דו האָסט די טריט פון גרויסן טאָג נאָך ניט געהערט,
נאָר אויפגיין וועט דיין ליד אין לאַנד פון הימלען בלויע,
וואָס דיר איז ניט באַשערט געווען, דיין ליד וועט זיין באַשערט.

1949

# וואָס זאָל איך זינגען

חיים'ן מיט ליבשאַפט

וואָס זאָל איך זינגען מיין קינד,
וואָס פאַר אַ ליד?
דער פרילינג האָט זיך אין וואונדער צעבליט,
דער וואַלד זינגט אין אויפגאַנג זיין האָפערדיק ליד.
די וועלט, אַ בלוטיגע קויל, אין פלאַמען צעגליט.

וואָס זאָל איך זינגען מיין קינד,
וואָס פאַר אַ ליד?
פון לויטערע הימלען, פון גאָלדענע שטראַלן,
פון שטילע פאַרנאַכטן אויף בערג און אין טאָלן?
אונטער אונדז שפּרייט זיך אַלץ טיפער דער תהום,
פאַרשאָטנט די ליכט פון לויטערן רוים.

וואָס זאָל איך זינגען מיין קינד,
וואָס פאַר אַ ליד?
שווער פון די גרוילן איז איצט מיין געמיט.
עס טונקט זיך די וועלט איבער האַלדז אין איר בלוט,
און קראַמפּט זיך אין ווייען פאַר אייגענע זינד.

וואס זאל איך זינגען מיין קינד,
וואס פאר א ליד?
פון פייגל געזאנגען, פון אוונטן העלע,
איך זע זיי פון מיילן די לאטעס די געלע.

איך זע זיי דורך מיילן די געטאָס די ווענט
און הענט אזויפיל צו אונדז געווענדט.
איז וואס זאל איך זינגען מיין קינד,
וואס פאר א ליד?

1942

# העלע פרילינג טעג

העלע פרילינג טעג אונטער געטאַ מויערן.
עס צאַנקט אַ גאָלדן שטראַל אויף חרוב וויסטע ווענט,
אבל טרויער טעג אויף אונדזערע טירן־טויערן,
עס האָט דער שונא אונדזער געכטן אכזריותדיק פאַרברענט.

העלע פרילינג טעג — לאַכנדיקע קינדער,
עס קאָן מיין האַרץ ניט פאַרנעמען איצט קיין פרייד.
עס וויינט דער צער אין אַלע מיינע גלידער,
אַזויפיל שטח מיט קברים אונדזערע פאַרזייט.

גאָט, האָסט דעם מענטש אין דיין געשטאַלט געשאַפן,
אַ שפּיגל פון דיין לויטערקייט פאַר וועלט,
האָט דער מענטש דיין גאַנג געוואַלט פאַרלויפן,
טורעמס — ביז צו הימלען אויפגעשטעלט.:

דור הפלגות, קרום געדרייטע וועגן,
קיין האָט פאַר הבלן עקדות צוגעגרייט,
יאָגט זיך שנאה ווי כוואַליעס צו די ברעגן,
פאַר גאָלדן קאַלב פאַרקויפט די לויטערקייט פון פרייד.

העלע פרילינג טעג אונטער געטאַ מויערן,
מאַסן קברים אונטער אונדזער יעדן טראָט,
הענגט דער צער אויף אונדזערע טירן־טויערן,
און דו אין דיינע הימלען שלאָפסט רואיק גאָט.

1944

# ביסט געווען

היים, ביסט געווען,
און ביסט מער נישטאָ,
אַלע בריקן פֿאַרברענט,
און מיט זיי, מיין פֿרייד און מיין רו.

היים, ביסט געווען,
און ביסט מער נישטאָ,
און מיטגענומען אויף אייביק,
מיין חיי־שעה.

היים, ביסט געווען,
און אַזוי פֿלוצלינג אַוועק,
און מיט דיר פֿאַרגאַנגען,
זיינען די לויטערסטע טעג.

1945

# טעג

ווי מעסער שניידן טעג זיך אין מיין פענסטער,
העלע פּאַסן ליכט וויגן זיך אויף ווענט,
שוין לאַנג האָב איך דיר וועלט קיין לויב־ליד ניט געזונגען,
שוין לאַנג אויף דיר די שכינה ניט דערקענט.

האָב איך שוין לאַנג אויף טיש קיין טישטעך ניט פאַרשפּרייט,
און אויך קיין יום־טוב מאַלצייט ניט פאַרגרייט
און שוין לאַנג ניט אָנגעטאָן קיין שבת קלייד,
ווי לאַנג דו האָסט אונז וועלט ניט אָנגעזאָגט קיין פרייד.

ווערן טעג און נעכט אַזוי דערווידער,
קריכט אַ פוילקייט איבער מאַרך און גלידער,
בלייבן אין דער לופטן הענגען ניט דערזינגענע לידער,
און איבער מיר די וועלט מיד און מידער.

1942

# אויף פּוילישער ערד

דאָרט אין מיין היים אין שטילע פאַרנאַכטן,
ווען ס׳האָט בין־השמשות מיט ערד זיך באַהאַפטן
פלעגט מיר מיין באָבע מעשׂיות דערציילן;
פון פּריצים, פון וועלדער, פאַרבאָרגענע היילן,
פון אבות, נביאים, און טעג פון פאַרצייטן,
פון יחוס, ירושות און גאָלדענע קייטן.

און איינע אַ מעשׂה מיט טרויער און גרוילן,
וואָס האָט זיך פאַרלאָפן אין שטעטלעך פון פּוילן.
אַ מעשׂה אַזאַ פון אַ מאַסן תליה,
דער קעניג האָט געטאָן זיך אַ שבֿועה,
נקמה צו נעמען פון די פּויערן אין לאַנד,
פאַר דעם גרויסן בזיון און שרעקלעכער שאַנד.

— ווייל, עס האָבן די פּויערן ווי אַן אייזערנע וואַנט,
געשטעלט זיך אַנטקעגן דעם מלך׳ס האַנט,
ברויט פאַרלאַנגט, זייער ערד, זייער שפּראַך,
פאַר ווייב און קינד אַ העמד און אַ דאַך.
האָט איבערן לאַנד זיך אַ שטורם געשפּרייט,
געשראָקן די מושלים ביז דער וייטסטער וייט.

נאך אַזאַ שרעקלעך און גרויסן פּאַראַט,
האָט דער קעניג, דער הויף, נקמה געגאַרט,
ווי וואָגן דאָס פּויערן פון אַ מעכטיקן לאַנד,
זיך שטעלן אַנטקעגן דעם מלך׳ס האַנט,
ווי וואָגן דאָס פּויערן באַגיין אַזאַ זינד,
ער וועט זיי צאָלן די מורדים, די הינט.

די באָבע דערציילט און שטיל זיך פאַרטראַכט,
אויף שויב געטונקלט האָט שוין די נאַכט,
עס האָבן זיך שאָטנס געבלייכט שוין אויף ווענט,
זי האָט מיך געגלעט מיט די אַלטע הענט.
ערגעץ פון ווייט געגרילט האָט אַ גריל,
קינדיש און ווייך געוועזן איז איר קול.

דער פרימאָרגן געוועזן איז אומעטיק גרוי,
ווי טרערן, אויף פעלד געלעגן איז טוי.
דער האָן האָט געוועקט דאָס שטעטל פון דרימל,
אָן עדות דער ערשטער געוועזן איז דער הימל.
געטוליעט צום בוים האָט זיך פעסטער דער בלאַט,
געבויגן די קעפּ האָבן רויזן אין בייט.

האָט זיך פאַרהאַלטן דער טאָג מיט זיין גאַנג,
אַפּגעשטעלט האָט זיך פויגל געזאַנג,
אין וואַלד האָט מען תּליות מיט גריבער געגרייט,
זיינען העגקער געקומען ווי צו אַ שמחה געקליידט,
און דאַרטן ניט ווייט פון וואַלד און פון פעלד,
זיינען טרערן געפלאָסן מיט תּפילה געבעט:

טרערן פון מוטערס, פון ווייב און פון קינד,
וואָס זיינען ווי שטויב אַוועק מיטן ווינט,
פאַרצערט געוואָרן אַן אָפּקלאַנג אין תּהום,
געשפּרייט האָבן וואָלקנס זיך שוואַרצע אין רוים,
דער וואַלד האָט גערוישט מיט אומרו און צער;
אַן עכא אויף קעניגס באַפעל און זיין גזר . . .

— — — — — — — — — — — —

און די „מורדים" ווי דער קעניג געחתמעט האָט זיי,
אין קייטן געשמידט רייע נאָך ריי,
די קעפּ געהויבן, פעסטע די טריט,
דער ווילן צום לעבן אין זיי האָט געגליט,
דער בליק מיט צער, מיט האָס און מיט צאָרן,
נקמה צו נעמען האָבן געשוואָרן.

און די הענקער, זיי טוען ערליך זייער זאַך,
עס איז דאָך אַ פּשוטע אַרבעט פון וואך,
ווער הערט דען ס׳געוויין פון קינד און פון ווייב,
שנעלער געבונדן די הענט זיי צום לייב,
פעסטער געצויגן די פּעטליע אין קנופּ,
און גלייך פון די תליות אין גריבער אַראָפּ.

אַזוי האָט דער קעניג מיט צאַרן באַפוילן,
אין שטעט און אין שטעטלעך אויף ערד אין פּוילן.

— — — — — — — — — — — —

האָבן אין טרויער געצויגן זיך טעג,
געשפּרייט דעם טרויער אין ווייטן אַוועק,
און אַזוי ווי אַ סטאַדע צעשראָקענע שאָף,
ניט געהאָט האָט דאָס לאַנד קיין רו, און קיין שלאָף.

די באָבע האָט תמיד די אבות דערמאָנט,
מיט גורל פון אידישן פאָלק מיך באַקאַנט,
מיט חורבן פון יענער טרויעריקער צייט,
וואָס האָט איבער לענדער אונז ווייטע צעשפּרייט,
און איבער אונדז המנס אין יעדן לאַנד,
„אַזוי איז, מיין קינד, די וועלט איר באַשטאַנד״;

II

זיינען פרילינגס, זומערס און ווינטערס אַוועק,
געלויערט האָט איבערן לאַנד נאָך די שרעק,
האָט מען ווידער נייע חלומות געשפּינען,
אַז אויסלייז פאַר וועלט, און מענטש צו געפינען,
און צווישן דער אומרו אין חושך פון נאַכט,
האָט אַ ליכטיקער טאָג מיט האָפנונג דערוואַכט.

איז הימל געוואָרן לויטער און ריין,
די זון האָט געגאָסן אויף וועלט איר שיין,
געפּראַלט האָט די פרייד פון פענסטערס אַרויס,
מיט פאָנען באַהאָנגען יעטוועדע הויז,
האָט די מאַמע מיך דעמאָלט גענומען ביים האַנט,
געשטעלט זיך מיט מיר אין מאַרק ביי אַ וואַנט.

אויף אַ טיש אַ גרויסן, אין מאַרק אויף דער גאַס,
האָט עמעץ גערעדט מיט אַ קול ווי אַ באַס,
האָבן מענטשן געשטראַמט אַז שרעק אַזוי פריי,
די ליכטיגע שכינה גערוט האָט אויף זיי
און פריי ווי די בוימער, ווי זאַנגען אין פעלד,
זיינען קינדער געשטאַנען אין שורות צעשטעלט.

די זון האָט געגאָסן איר ליכט און געשטראַלט,
און האָט זיך באַהאַפטן מיט מענטש אין זיין פרייד,
און די טויב מיט גרינעם בלאַט אין איר מויל,
האָט געגעבן אַ צייכן ווי ביי דער תיבה אַמאָל;
— נעכטן איז מבול דער לעצטער געווען,
און היינט איז דער נס, דער נס שוין געשען...

האָבן מענטשן געיובלט, געזונגען מיט פרייד,
עס קייטלט צונויף זיך די גאָלדענע קייט,
הייליק געווען איז די וועלט אין איר פּראַכט,
אַ ליכט אַ נייע דעם מענטשן געבראַכט,
ווי מלך משיח וואָלט אַראָפּ פון דער קייט,
רו און פרידן אויף וועלט געשפּרייט.

האָבן פּויקן געפּויקט, טראָמפּייטן געשאַלט,
פּלוצלינג האָבן ביקסן מיט פייער געקנאַלט,

— — — — — — — — — — — —

אַ געלויף, אַ געשריי, אַ געיעג אַ געדרענג,
גאַסן ברייטע זיינען געוואָרן ענג,
פאַרבלוטיקט געפאַלן איז די טויב מיטן בלאַט,
און ווידער האָבן וואָלקנס דעם הימל פאַרשפּרייט.

III

און צייט איז געגאַנגען איר אייביקן גאַנג,
מיט טרויער פון נעכטן, און מאָרגן געזאַנג,
געקרייציקט די וועגן אַהער און אַהין,
צום אָפּגרונט אַראָפּ, אַרויף צו דער זון,
פאַרטונקלט דאָס גאָלד, פאַרנעפּלט דעם רוים,
און ווידער איז יום־טוב אַ חלום אַ טרוים.

און המנס און שונאים גייען און קומען,
צוזאַמען מיט זיי, ווינטן און שטורמען,
לויערן ווי חיות נאָך רויב אומגעשטערט,
און צעגערן ניט מיט חלף און שווערד,
שנאה, און אומרו זיי שפּרייטן און זייען
און בלויע חלומות ווי פרילינגס פאַרגייען.

איז אַ שונא אַ המן אַ נייער געקומען,
לענדער פאַרוויסט, לענדער פאַרנומען,
ווי אין מדבר אַ שטורם, פייערס צעבלאָזן,
פאַר שרעק האָבן פייגל די נעסטן פאַרלאָזן,
פאַרצאַמט איז געווען פאַר מיין פאָלק יעדער וועג,
מיט יסורים געקומען זיינען וואָכן און טעג.

פאַר מיין פאָלק האָט דער שונא שייטערס געמאַכט,
שייטערס, וואָס האָט נאָך די וועלט ניט פאַרטראַכט,
טרעבלינקעס, אַשוויענטשימס, קאַמערס מיט גאַז,
מיליאָנען פאַרטיליקט אויף קויל און אויף אַש,
פעלדער באַמיסטיקט, זייפן געמאַכט,
פון אידישע מוטערס מיט קינדער אין טראַכט.

דורות פאַרשניטן מיט וואָרצל פון שטאַם,
קינדער ווי שפּענדלעך געוואָרפן אין פלאַם,
אין שטעט און אין שטעטלעך אויף פּוילישער ערד,
גרויזאַם געוועזן איז דער שונא — זיין שווערד,
די גרעסטע עקדות האָט ער באַפוילן
פאַרן אידישן פאָלק צו מאַכן אין פּוילן...

פאַר זיי, פאַר די שכנים, איז זון ניט פאַרלאָשן,
פאַר זיי האָבן ווינטן שוין נייע געבלאָזן,
עס גרינט שוין זייער פעלד, עס וואַקסט שוין דאָס קאָרן,
פאַר זיי איז דאָס לאַנד שוין ווידער געבוירן,
נאָר אונזערע דורות אין שטעטלעך פון פּוילן,
אויף אייביק פאַרשניטן, פאַרלאָשן פון גרוילן.

IV

און צייט, זי בלייבט קיינמאָל ניט שטיין,
זי גייט לאַנגזאַם אַוועק און קומט ווידער צו גיין,
לעשט זיך אַ שטערן, אַ שטערן וואו פאַלט,
ערגעץ פון ווייט, אַ נייער שוין שטראַלט,
אַזוי האָט די באָבע תמיד געזאָגט,
„גאָט צאָרנט פאַר זינד און בענטשט פאַר גענאָד."

און אייביק זאָלסטו געדענקען, מיין קינד,
ווי דער ערליכער מענטש געדענקט זיינע זינד,
אַז ווי אַ לאַנגע, לאַנגע, דורות־קייט,
באַהאַפטן איז טרויער מיט יידישע פרייד,
און מאַכן אַ צייכן זאָלסטו מיט דיין האַנט,
לזכרון חורבונות אויף דיין מזרח וואַנט.

האָט טרויער פון וועלט און מיין באָבעס רייד,
מיט אומעט באַהויכט מיין יונגע פרייד,
פאַרזייט אין מיין האַרץ אומרו און זאָרג,
צו טיילן דעם גורל פאַר מענטש, און מיין פאָלק,
און טראָגן ירושה דאָס ליכט פון די אבות,
גלויבן און האָפנונג פון דורות, לדורות.

מאָנטרעאַל, 1950.

# מיין טאַטע

תמיד מיט זיין בענקשאַפט,
אין בלויע פרילינג נעכט,
פלעגט ער שטיין ביים פענסטער,
שעה'ן לאַנג פאַרטראַכט.

לבנה האָט אַ בלייכע,
די שויבן מילד געגלעט,
און ער אין טיפן שווייגן,
האָט צו גאָט גערעדט.

און אַזוי אין שווייגן,
אויף און אָפּ געשפּאַנט,
געפאַלדעוועט דעם שטערן,
מיט ספר אין דער האַנט.

אייביק זיך געראַנגלט,
מיט ספקות אָן אַ שיעור,
און זיין האַרץ פאַרזיגלט,
אַ סודותדיקע טיר.

האָב איך שטיל באַנומען,
די ניט גערעדטע רייד,
זיין יאוש צו דעם סדר,
ווי די וועלט זי שטייט.

האָט ער אויף מיינע אַקסל,
זיין חותם אויך געלייגט,
טראָג איך זיין ירושה,
ניט קיין גאָלדן קייט.

טראָג איך זיין ירושה,
כאָטש עס איז מיר שווער,
זיין אומרו און זיין בענקשאַפט,
אַ לויטער שטילע טרער.

# מיין ברודער

אברהם׳ן געהייליקט

ווען ס׳האָט דער מלאך־המות זיך
צוקאָפּנס פון זיין בעט געשטעלט,
האָט תהילים שטיל געזאָגט דער טאַטע,
און די מאַמע — שטיל געוויינט.

ביז איך פאַר שרעק אַרויס אין פעלד,
געזוכט די זון נאָך לאַנגער נאַכט,
האָט די זון מיין צער דערפילט,
אין יענעם טאָג ניט אויפגעוואַכט.

פייגל האָבן ניט געזונגען,
געווען איז אַלץ ווי צום פאַרגיין,
נאָר געפלאָסן איז דער טייך,
געטראָגן מיט זיך מיין געוויין.

1919

# די מאַמע

געקומען איז די מאַמע היינט צו מיר,
אין ווייסן העמד אין אַזאַ קאַלטער נאַכט,
אַזוי פּלוצלונג, און אַזוי אומגעריכט,
און דעם ראַנד פון מיין בעט באַוואַכט.

איר פּנים בלייך, איר שמייכל מילד,
נאַר עפּעס פרעמדליך שוין, ווי ניט פון דאַ,
געלייטערט פון יסורים, און פון פּיין,
באַהויכט מיט הייליקייט, און אייביק רו.

זי האָט מיך צאַרט אַרומגענומען,
געגלעט מיין שטערן מיט איר ווייסער האַנט,
אַ טרער מיר האָט זי אָפּגעווישט,
און שטאַנדיק, אַן שאַרד, אַוועק פון ראַנד.

# שטיל אַזוי

דער דיכטערין חנה שטיינבערג אין הייליקן אָנדענק

שטיל אַזוי געווען איז דיין פאַרגיין,
שטיל ווי דיין אומעטיק געמיט,
האָסט אויסגעהויכט דעם לעצטן קלאַנג,
דיין ניט דערזינגען ליד.

אויף ליפּן דיינע קאַלטע, בלייכע,
געבליבן הענגען זיינען רייד,
ווי עפּל ניט דערדייפטע,
דיין ניט דערדייפטע פרייד.

דיין קול ווייך אַזוי און צאַרט,
ווי דער סאַמעט פון אַ יונגן בלאַט,
מיט אַ שמייכל אַלע זאָרגן,
אין דיין שטילע וועלט פאַרבאָרגן.

עס איז דאָס קורצע לעבן דיינס,
ניט מיט גאָלד געווען באַהאַנגען,
האָסט אויף מידע אַקסל דיינע,
טעג געטראָגן, צער־געזאַנגען.

שטיל אַזוי געווען איז דיין פאַרגיין,
שטיל ווי דיין בענקנדיק געמיט,
האָסט אויסגעהויכט דעם לעצטן קלאַנג,
דיין ניט דערזינגען ליד.

1942

# איך זוך דיך אום

גאָט, איך זוך דיך אום אויף אַלע וועגן,
און קאָן דיינע דלד־אמות ניט געפינען,
ווען ווערט זיך דער מענטש אין דיין סוד פאַרוועבן,
און צוריק די וועלט אין פרידלעכקייט פאַרשפּינען.

אויסגעטרוקנט זיינען אַלע דיינע קוואַלן,
עס וואָגלען אום אָן תיקון משה׳ס צען געבאָט,
פאַרנעפּלט זיינען איצט די העלסטע שטראַלן,
איך זע דיין זאָרג, זי טריפט פון יעדן בוים — און בלאַט.

דער מענטש, דער שפּיגל, די קרוין פון דיין באַשאַף,
האָט אַ וועג געפּלאַסטערט ביז די העכסטע רוימען,
ער וואָס קלעטערט ביז די הימלען הויך אַרויף,
האָט פאַרשוועכט דיין קדושה ביז די טיפסטע תהומען.

1950

# מיין גאַנג

ווי דער קעמל אין מדבר אין זיין געשפּאַן,
שפּאַן איך דורך דורות אין צער קאַראַוואַן,
מיינע אַקסל געלאָדן מיט שווערע געפּעק:
מיין טאַטענס, מיין מאַמעס, מיין באָבעס פאַרמעג.

— שייטערס, יסורים, שנאה, און האַס,
טרויער פון דורות, כבוד פון ש״ס,
אייביקע בענקשאַפט נאָך לויטערער פרייד,
עקדות, טרעבלינקעס פון גרוילן אַ קייט.

געקרייציקטע וועגן, אַ שלאַנג, נאָך אַ שלאַנג,
איך בויג ניט מיין רוקן כאָטש שווער איז דער גאַנג,
ווייל עמיץ האָט אין מיינע בראשית טעג,
געטראָטן פאַר מיר דורך דורות דעם וועג.

— מיין טאַטע מסתמה דער אַלט - נייער ייד,
ער האָט הייליק די אוצרות פון די אבות פאַרהיט,
געגרונטעוועט ווי אין דער טיפקייט פון ים;
לעבענזאַן, מפּו, מהר״ל, רמב״ם.

צו אפשר מיין מאַמע דאָס ליכטיק געשטאַלט,
זי האָט מיט איר שמייכל דעם אומעט באַשטראַלט,
געהייליקט די תחינה אין שטילן פאַרטאָג,
אין שטילע פאַרנאַכטן, פרץ און פרוג.

טראָג איך דעם גורל מיט דורות צוזאַמען,
ירושה פון זיידעס, פון טאַטע פון מאַמען,
די אוצרות פון אבות — שייטער געפעק,
און בעט פאַר מיין דור אויף העלערע טעג.

# אַ קללה דיר היטלער - לאַנד

ניין, מיר וועלן ניט אונטערגיין,
דו וועסט אונז ניט פאַרטיליגן,
מיר וועלן זיין פעסטער פון שטאָל,
שטאַרקער ווי אייזן
מיר וועלן זיין!

און דו, וואָס קאָנסט זיך ניט זעטיקן
מיט בלוט און מיט צער,
דו, פון קאַניבאַלן דער אויבער - האַר,
האָסט געמאַכט פון וועלט אַ שחיטה הויז,
אויך דו וועסט פון דער שחיטה גאַנץ ניט אַרויס!

דו וועסט באַצאָלן טייער,
וועסט פאַרברענט ווערן אין אייגן פייער,
פאַר צער, און טרויער פון מיין שטאַם,
וועסט פאַרטרונקען ווערן אין בלוטיקן ים!

איבער דיינע הימלען וועט הענגען אַן אייביקע שקיעה,
איבער דיינע פעלדער וועט אויפגיין אַ בלוטיגע זריעה,
אין דיינע אויערן זאָל הילכן דאָס יאָמער געוויין,
פון פאָטערס, מוטערס, און קינדערס פיין.

וואו דו וועסט וועגדן און קערן דיין בליק,
זאָלסטו זען די תּליות, די העלדזער, די שטריק,
פון מיליאָנען אויגן די גסיסה שעה,
זייער בליק זאָל דיר קיינמאָל ניט געבן קיין רו.

אונטער דיינע פיס זאָל זיך טרייסלען די ערד,
פון זייער לעצטן זיפץ וואָס האָסט ניט געהערט,
ווען האָסט זיי געשליידערט אין גריבער ווי מיסט;
יידישע מוטערס מיט עופהלעך ביי בריסט.

— — — — — — — — — — — —

די זון האָט געזעצט זיך צום לעצטן פאַרגייען,
געציטערט האָט בוים, געוויינט האָט דער שטיין,
פאַרנאַכטיגער טוי האָט געלייגט זיך אויף ערד,
געאיילט האָבן העקער מיט תּאווה און שווערד.

און אונדזערע טעכטער, וואָס האָבן ניט געוואָלט דינען דיין שאַנד
האָבן איינע די אַנדערע די האָר פאַרקאַמט,
מיט טרייסט צום טויט געגרייט זיך אַליין,
ניט באַרירן וועט תּליון זייער הייליק געביין...

איבער דיינע הימלען זאָל הענגען אַן אייביקע שקיעה,
אויף דיינע פעלדער זאָל אויפגיין אַ בלוטיקע זריעה.
דו וועסט אונז ניט פאַרטיליגן,
מיר וועלן ניט אונטערגיין,
מיר וועלן זיין פעסטער פון שטאָל,
שטאַרקער ווי אייזן,
מיר וועלן זיין.

1942

# אין דאָרף

י. י. סיגאַלן

דו זעסט, מיין פריינט, אַ בוים שטייט פאַרטראַכט,
אַ פערד קוקט ערגעץ אין ווייטן אַוועק,
בערגלעך רוען אויף הוילער ערד,
און גוטס אַזויפיל איז דאָ אומדז באַשערט.

און איך? איך זע אַ מענטש לעבן בוים,
מיט אַ שפּיז לאַנג, ברייט ווי הימל, ווי רוים,
און וואו נאָר איך ווענד מיין בליק, מיינע טריט,
איז די שפּיז קעגן מיר געשטעלט און געצילט.

און דאָ אין דער שטילקייט צווישן באַרג און טאָל,
פאַרנעמט מיין געמיט נאָך שטאַרקער דעם גרויל,
און ס׳פערד וואָס קוקט אין ווייטן אַוועק,
האָט אויך שוין דערפילט די בהלה, די שרעק.

ניטאָ איצט מיין פריינט קיין פריידן פון גראָז,
מיר אַלע ווי אַ צעשראָקענער האָז;
און הפקר אויף ווינט ווי צעבלאָזענער שטויב,
ליגט אויפן מזבח די גאָלדענע טויב...

1942

## אונדזערע מאַקאַבייער

זיי גייען, זיי גייען אונדזערע מאַקאַבייער,
אויף מזרח, אויף מערב, אויף צפון, אויף דרום,
אַמעריקע, ענגלאַנד, רויטע אַרמייער,
באַפרייען די וועלט, פון נאַצישן שטורם.

זיי גייען, זיי גייען אונדזערע מאַקאַבייער,
העלדיש און מוטיג אויף אַלע פיר זייטן,
קאַנאַדע, אויסטראַליע, רויטע אַרמייער,
אויף טאַנקן, האַרמאַטן, אויף פערד צו רייטן.

מיט ברכות מיר וועלן באַגלייטן אין וועג,
די העלדן צום זיג און צו לויטערע טעג,
און ווער אין קאַמף מיט באַדויערן מוז פאַלן,
מיט ליבע מיר וועלן זיין נאָמען באַשטראַלן.

אין נאָמען פון פרידן גיי מאַקאַבייער,
עס גאַרן די פעלקער שלום און רו,
ענגלאַנד, אַמעריקע, רויטע אַרמייער,
אין טריישאַפט וועט קומען די גאָלדענע שעה.

1944

## זבאָנשין *)

אין געפלעכט פון צער, און פון צאָרן,
ווען עס בלוטיקט די אָפענע וואונד,
קומען זיי ווי מנחמי — אבל,
טרייסטן, פאַררייַדן דעם טרויער,
פאַרדעקן די אייגענע זינד.

בעל־דעות ווי שוואָמען נאָך רעגן,
וואַקסן זיי אויס אָן אַ צאָל,
זיי דרייען די קעפּ זיך אין זאָרגן,
פאַר מיינע אומגליקלעכע ברידער;
געפונען אַ היים, אַ זומפּיגן טאָל.

אַ מדבר אַ וויסטן, פינסטערע וועגן,
באַלוינונג פאַר אונזער אומענטשלעכע פּיין,
גרינג ווערן הערצער, רייַן זייער געוויסן,
עס וויגט זיך די וועלט, אַ שיף אויפן טרויער
פאַרשכורט פון שוואַרצן, און בלוטיגן ווייַן.

*) אַ פּלאַץ וואו אַהין מ׳האָט פאַרטריבן די יידן פון דייטשלאַנד אין 1938.

# אונדזער פרייד

יודיקאָז מיט פריינטשאַפט

ווי אַ האַרבסטיקגע פרימאָרגן זון,
מיט בלאָסן שיין,
גייט אויף אין אונז די פרייד,
באַהעפט מיט פיין.

ווי אַ פלעמל אין דער נאַכט,
בלאָס אַזוי איז אונדזער פרייד,
ווי אַ ווייטער, ווייטער שאַרד,
איז אַ פעדעמל פון זייד.

בענקען מיר נאָך פרייד אַזוי,
ווי די בלום נאָך איר טוי,
ווי דער מידער בענקט נאָך רו,
אין דער שפעטער אָוונט שעה.

# קאַנאַדע

קאַנאַדע, היים פון מיינע וואַנדער־היימען,
איך ווייס ניט צי דו ווערסט שוין די לעצטע זיין,
איך בין צו דיר געקומען איבער ווייטע ימען,
פאַרזוכט דיין האָניק זיסן, אויך דיין ביטער וויין.

מיט אַזוי פיל צוזאָג פאַרן מאָרגן,
האָסטו אַרומגעגאַרטלט מיין געמיט,
געוויגט האָט זיך די שיף אונטער רעגנבויגן,
געזונגען האָבן ברעגעס מיר אַ גאָלדן ליד.

זיינען ווינטערס, זומערס אַפּגעלאָפן,
מיטן ווינט אַוועק אַזאַ מהלך צייט,
ווי אויף רעגן אין אַ טאָג אַ הייסן איז געווען דאָס האָפן,
אין דיר פאַרבאָרגן ליגט נאָך אַלץ מיין פרייד.

קאַנאַדע, ריזיק לאַנד פון הויכע בערג און טיפע טאָלן,
ווי אַן אייגן קינד לאָז מיך אין דיינע אָרעמס זינקען,
ביסט געבענטשט מיט שפע פאַר מיליאָנען,
זאָל מיר אויך באַשערט זיין פון דיין קוואַל צו טרינקען.

קאַנאַדע, היים פון מיינע וואַנדער־היימען,
אָפּגעמעקט איז מיין נעכטן פון איבער ימען,
אויסגעריסן אַלע ווארצלען מיט זייער בלי;
וויינט דער טרויער אויף די שויבן מיינע יעדן אינדערפרי.

און יעדע נאַכט, אין שטילער שפּעטער שעה,
ווען איך באַהעפט זיך מיט מיין אָרים ביסל רו,
טו איך תּפילה, בעט איך שטילערהייט,
זאָל מיין דור ניט וואַקסן דאָ ווי אין פרעמדער בייט.

מאָנטרעאָל 1949

# דער קרייץ אויף מאָנט - ראָיעל באַרג

צוגענאַגעלט הענגסטו אויפֿן קאָפּ פֿון באַרג,
און ס׳שאַטנט זיך אויף דיר מײַן װעלט פֿון זאָרג,
אַזױפֿיל שרעק און טרויער אין דײַנע אויגן,
ווי דו וואָלסט די וועלט מיט פּײַן
אין זיך אַרײַנגעזויגן.

דײַן בליק איז פֿרום,
פֿרום ווי ס׳איז דער בליק פֿון גאָט,
אויף זיבן זיגלען פֿאַרזיגלט
איז דײַן ברודער - וואָרט,
און אײַנזאַם וואָגלט אום דאָס הייליקסטע געבאָט.

קוקסט אַראָפּ פֿון באַרג שווײַגנדיק און שטום,
מיט רו פֿון וואַלד, וואָס רינגלט דיך אַרום,
האָסט געזאָלט באַלויכטן אַלע מדבר־וועגן,
וואָלף מיט שעפּס אין פֿרידלעכקייט פֿאַרוועבן,
לעשן פֿײַערס פֿון עקדה־פֿלאַמען,
אין גאָלדן קייט פֿאַרקייטלען שטאַמען.

מיליאָנען ליפּן האָבן שוין דיין זוים געקושט,
מיליאָנען הענט געשטרעקט זיך צו דיין ברוסט,
האָסט אַזוי פיל תפילות אין זיך איינגעזויגן,
פֿאַרבלוטיקט אויף דיין קאָפּ ליגט דער רעגנבויגן.

צוגענאָגלט הענגסטו אויפן קאָפּ פון באַרג,
און עס שאָטנט זיך אויף דיר מיין וועלט פון זאַרג,
הענט וואָס ציִען זיך צו דיר מיט תפילות און געבעט,
האָבן אין דיין נאָמען דורות מיינע אומגעברענגט.

# מלחמה אין ישראל

משה, לערער אונזערער,
וועגווייזער, אויסלייזער,
שטיי אויף און זע,
ווי אַלע וואולקאַנען,
אַלע שטורמווינטן,
ווי כוואַליעס פון אַ צעברויזטן ים,
זיינען זיי אויפגעשטאַנען די שונאים,
און ווילן אויסראַטן דיין שטאַם.
און מיט זיי דער ברודער ישמעאל,
וויל אויך פאַרטיליקן,
דיין פאָלק ישראל.

שטיי אויף און זע,
אַפּן איז נאָך אונדזער וואונד,
נאָך טריפט דאָס אומשולדיקע בלוט,
עס רויכערן נאָך די טרעבלינקער קוימענס,
שוין יובלען איבער אונדז, נייע המן׳ס.

נעם דיין וואַנדער שטעקן און גיי,
באַגלייט פון הייליקן סנה,
גרויס און הייליק איז די שעה,
נאָך קיינער איז געווען ווי דו,
אויף וואַגשאָל אונדזער קיום שטייט,
קום ווי פאַרצייטן אַמאָל,
לייז אויס דיין פאָלק ישראל.

1948

## ניי־יאָר

ס׳האָט אויסגעקלאַפּט דער זייגער צוועלף,
גלאָקן האָבן זיך צעקלונגען אין דער הויך,
גאַסן זיינען פאַרביק אויסגעפּוצט,
עס איז אַ גרויסער יום־טוב היינט,
הונגעריק איז וועלט נאָך פרייד.

קלינגען גלאָקן הויך און העכער,
עס טאַנצט די וועלט איר יום־טוב טאַנץ,
ס׳שימערירן לאָמפּן פון די דעכער,
עס גיסט זיך וויין פון פולע בעכער,
עס טובלט זיך די וועלט אין גלאַנץ.

גלאָקן קלינגען העכער, העכער,
עס גייט די וועלט איר יובל־טאַנץ,
שטומער צער, שטומער טרויער,
ווי בעטלער ביי אַ רייכער מויער,
שפּיגלסטו זיך אָפּ אין גלאַנץ.

גאַסן זיינען פאַרביק אויסגעפּוצט,
עס גיסט זיך יום־טובדיק די פרייד,
און אויף פעלדער ווייטע, ברייטע,
יובלט איצט דאָרט פריי דער טויט.
עס שטאַרבט ניט שטיל אַ יאָר אַזוי,
ווי עס שטאַרבן מענטשן שטילערהייט.

.1942

# ברוך הבא!

צו דער באַשאַפונג פון מדינת ישראל

ברוך הבא! געבענטשט זאָל זיין די שעה,
פון אייגן היים, ישראלס ווידער־געבורט,
פאַר קיום, פאַר פרידן, פאַר הייליקער רו.
און אויפגיין פאַר וועלט זאָל דאָס העכסטע געבאָט:

— „לא תרצח“, שונא, טו אָפּ פון מיין פאָלק דיין האַנט,
אין אַקער פאַרוואַנדלען זאָלסטו דיין שווערד,
ווען בליען איז פרידן וועט ישראלס לאַנד,
וועט מיט מזל און ברכה אויך אויפגיין דיין ערד.

ברוך הבא! געבענטשט זאָל זיין די שעה,
מיר האָבן געננוג שוין מיט טרערן געזייט,
און טויזנטער מאָל זאָל געבענטשט זיין די שעה,
צו שניידן די זריעה מיט לויטערער פרייד.

מאָנטרעאָל, 16־טן מאַי 1948

## צום צווייטן יובל פון מדינת ישראל

עס גיסן זיך פריידיקע טענער אויף גאַסן,
און שטראָמען אַריבער יבשות און ימען,
עס פלאַטערן פאָנען פון בלוי־ווייסע פּאַסן,
מען טאַנצט אין ישראל מיט פויקן און טאַצן!

עס וויגן זיך הייזער, עס בויגן זיך דעכער,
געזאַנגען זיך הויבן העכער, און העכער,
דער הימל ווערט טיפער, ברייטער און בלויער,
שטאָלץ איז דאָס לאַנד מיט העלדישע בויער;

און איבער די בערג אין לאַנד פון יהודה,
און איבער די בערג אין לאַנד פון ישראל,
וועט אויפגיין דאָס ליכט פון לויטערע שעה׳ן,
וועט אויפגיין דאָס ליכט ווי פאַרצייטן אַמאָל,

און ברענגען דער וועלט די גרויסע געבאָטן
פון משה רבינו אונזער באַפרייער,
די הייליקע רייד פון נביא ישיעהו:
„אין אַקער פאַרוואַנדלט זאָל ווערן די שווערד,״
און אייביקער פרידן זאָל רוען אויף ערד.

אפריל 1950

# וואָפן - שטילשטאַנד

Lest We Forget

דינער רעגן, טאָג אַ גרויער,
הימל ערד איז היינט אין טרויער,
צען מיליאָן יאָר־צייט ליכט,
וואָפן־שטילשטאַנד, צוויי מינוט,
צוויי מינוט.

פענסטער זיינען אויסגעפּוצט,
מיט שוואַרצע קראַנצן, רויטע בלומען,
פאַר די, — וואָס וועלן קיינמאָל שוין
צוריק ניט קומען.

מענטשן שפּאַנען, יאָגן, איילן,
דאָ און איבער ווייטע מיילן,
אין די לאַצן בלומען רויטע,
אַ נר תמיד פאַר די טויטע...

שטייף מאַרשירט דאָס מיליטער,
אינוואַלידן ביי דער זייט,
איבער אַלץ אַ צער אַ שטומער,
געקעמפט, געפאַלן פאַר לאַנד, פאַר ערד...

און עס דערציילן מאַמעס קינדער,
פון יעדער שטאָט, פון יעדן לאַנד,
אַזוי, אַזוי נאָכאַנאַנד,
פאַר אונדזער לאַנד, פאַר אונדזער לאַנד . . .

טראָמפּייטן הילכן אין געבריל,
מאַמעס וויינען אין דער שטיל,
גייט דער טאָג זיין אייביק גאַנג,
פאַרהילכט דעם ווי אין פויקן קלאַנג.

בלומען רויטע, צען מיליאָן טויטע,
עס צינדט די וועלט יאָרצייט־ליכט,
וואָפן־שטילשטאַנד — צוויי מינוט,
צוויי מינוט...

און מיט קעפּ געבויגענע,
טראָגט מען בלומען קראַנצן,
פאַרן אומבאַקאַנטן סאָלדאַט,
און פאַר מאָרגן, מאָרגן,
גרייט מען אַ האָרמאַט.

1936

## פּאָר..:

איך האָב פאַר דיר דעם שענסטן חלום אויסגעשפּינען,
מיין האַרץ דיר אָנפאַרטרויט, מיין גרעסט פאַרמעג,
מיט דיר האָב איך געוואָלט דעם וועג צו גאָט געפינען,
— נאָר דו אין אומרו האָסט פאַרשאָטנט העלע טעג.

אויף אַלע זיג־זאַג וועגן בין איך מיט דיר געגאַנגען,
מיט מאַמע ציטער אָפּגעהיטן דיינע טריט,
געבויגן זיך ווי אין שטורם יונגע קאָרן זאַנגען,
געוואָרט אויף זון ווי דער בוים אויף פרילינג צוויט.

עס האָט דער שטאַרקסטער ווינט ניט אָפּגעהאַלטן מיך,
דער גרעסטער שטורם ניט געשראָקן מיך אַפילו,
שפּלדיק אַזוי איז געווען מיין אייגן איך,
און כ׳האָב אין אַלץ אַ טרייסט געזוכט, ווי מיין מאַמע אין איר תפילה...

## קום שוועסטער

קום שוועסטער,
לאָמיר זיך זעצן דאָ,
אין ווייכן גראָז,
מיט מאָרגן טוי,
אין פריער שעה,
און אויפנעמען
דאָס אָרים ביסל פרייד פון רו.

און דאָ אין דער פרעמד,
אין דער ווייטער ווייט,
אין שויס פון באַרג,
צופוסנס פון טאָל,
לאָמיר דערציילן פון נאָענטן אַמאָל.

ווי מיר האָבן ביידע,
אין טאַטע מאַמע געשפּילט,
איך אין טאַטעס זשופּיצע,
מיט יאַרמעלקע אויפ׳ן קאָפּ,
דו אין דער מאַמעס זיידן קלייד,
מיט לאַנגען שלעפּ,
זיינען מיר שטיל, שטיל,
אַראָפּ די טרעפּ.

און אַריין צום שכן,
ר׳׳ב מענדל דעם בייזן,
מיט קינדערישע פרייד,
פאַר אים זיך באַווייזן,
אפשר וועט זיין קרומע אויג,
ווערן גלייך,
זיין רויטע נאָז בלייך.

איז ער געוואָרן פון בייז נאָך בייזער,
און אָנגעהויבן שרייען,
און ניט געשריגן סתם,
נאָר מיט די פיס געטופּעט,
,,אַזאַ חילול השם׳׳!

האָב איך פאַר שרעק,
די יאַרמעלקע פאַרלוירן,
און דו ביסט אויפ׳ן זוים,
פון קלייד געפאַלן.
איז ר׳׳ב מענדל געוואָרן
נאָך מער אין כעס,
און גאָר פון די כלים אַרויס.
איך בין געלאָפן און דו נאָך מיר,
זיין קול האָט באַגלייט אונז,
ביז צו דער טיר.

שפּעטער האָט די מאַמע
צום טאַטן געלאַכט,
זע נאָר, זע נאָר,
פּורים אין דער וואָכן געמאַכט.

— קום שוועסטער,
לאָמיר אין אַפּקלאַנג,
פון נאָענטן אַמאָל,
צוקאָפּנס פון באַרג,
צופוסנס פון טאָל.

דערציילן פון טעג,
פון וואָכן, פון יאָרן,
ווען מיר האָבן פּורים
אין דער וואָכן געמאַכט
און ווי קינדער אַ סך,
אַמאָל אויך געשפּילט זיך,
און אויך געלאַכט.

# צ ע ש יי ד ו נ ג

מיין שוועסטער אין ישראל אין ליבשאַפט

טיף פאַרקריצט איז יענער טאָג אין מיין זכרון,
ווי פון מעסערס שניט אַ וואונד,
עס איז די בענקשאַפט ניט אין הוילן רוים געפאַלן,
איך טראָג זי אין מיין האַרצן נאָך אַצינד.

ווען ס׳האָט די באַן דורך באַרג און טאַל, אין זיג־זאַג זיך געדרייט,
האָבן פעלדער זיך פון אונטער רעלסן אויסגעשיילט,
געיאָגט זיך האָבן שטערן ווי אין אַ גרויס געוועט,
און דו, ווי אַ פינטעלע אַ קליינס, האָסט געקוקט צו מיר פון ווייט.

זיינען בריוו געוואָרן טרייסטנדיקע רייד,
מהלך האָט פאַרצערט די נאָענטקייט פון פרייד,
ווי דעמאָלס זע איך נאָך דעם הימל טיף און בלוי,
אין דיין אויג אַ ניט דערוויינטע טרער, אַ טראָפּן טוי.

ווי דורך נעפּל, קוקט צו מיר דער לויף פון יענער צייט.
אַ שטח אַזאַ ריזיקער, און צווישן אַזאַ לאַנגער, וועג,
דורך מיילן טויזנטער, ימען, און יבשות, זיין צעשיידט
איז גורל אונדזערער וואָס ציט זיך, ווי אַ לאַנגע, לאַנגע קייט.

# פרילינג

טשירי, טשירי, טשירי־טשיר,
אין מיין פענסטער, אין מיין טיר,
האָבן פייגל אָנגעקלאַפּט,
גרוסן מיר פון וועלט געבראַכט.

טשירי, טשירי, טשירי־טשיר,
זינגען פייגל אָן אַ שיעור,
שטילע תּפילות טרייסט געזאַנג,
פון באַגין ביז זון פאַרגאַנג.

ברוך הבא! טשירי טשיר,
וואָס דערציילט איר, פייגל, מיר,
וואו געפלויגן, וואו געוועזן,
גאָטס עשירות דאָך געזען?

— „טשירי טשירי, טשירי טשיר,
ס'הענגט איוף וועלט אַ גרויסער טרער,
וואו געפלויגן, וואו געוועזן,
טרויער, אומקום נאָר געזען:

חרוב, וויסט ליגן שטעט,
ניט געאַקערט שטייט דאָס פעלד,
פרילינג, פרילינג, קלינג און קלאַנג,
אַזויפיל צער אין דיין געזאַנג."

**1943**

# אַמאָל

אוי, וואו זיינען די אַמאָלן,
ברייטע פעלדער, טיפֿע טאָלן;
בוימער, טייכן, זון מיט גראָז,
אין דער מיט מיין זיידעס הויז.

איז קינדער־פרייד געווען אַ סך,
קלויבן פֿאַר דער סוכה סכך,
און הושענות, זינד צו שלאָגן,
אין די הייליקע פֿאַרטאָגן.

ניטל, חנוכה, דריידל דרייען,
שליטלען זיך אויף ווייסע שנייען,
פּורים שלח־מנות טראָגן,
ווי אַ ווינט זיך ווייטער יאָגן!

צו דער מומען דער נגידה,
וואו עס וואַרט אַ רייכע סעודה;
המן־טאַשן, טאָרט מיט וויין,
אַלץ געווען איז מלא חן.

און די פּורים־שפּילער מחנה,
אחשורוש, באָבע יאַכנע,
גרויסע היטן, קליינע פערדלעד,
פֿון פּאַפּיר רויטע שווערדלעד.

און אויף פּסח העסע־בעטן,
חרוסות, מרור און געוועטן,
ווער עס וועט דעם אפיקומן
מיט אַ שפּיצל שנעל אַפּרוימען.

און פון משה אונדזער לערער,
יעדערער דערציילט וואָס מערער
פון די גרויסע ניסים וואונדער,
און מיר פרייען זיך ווי קינדער.

ליגן פעלדער אויסגעצוואָגן,
פרילינג ווינטעלעך זיך יאָגן;
בליען פעלדער, גרינען גראָזן,
שפּרינגען קינדערלעך ווי האָזן.

זיינען דורך די קורצע יאָרן,
חורבות דאָרט פון אַלץ געוואָרן,
ברייטע פעלדער, טיפע טאָלן,
אוי, וואו זיינען די אַמאָלן?...

1950

# פרילינג

## קינדער ליד

איינס און צוויי, איינס און צוויי,
עס שמעלצט דער שניי, עס שמעלצט דער שניי,
שניי נאָך העכער איבער קני,
די זון האָט שוין געטאָן אַ ברי.

פאַלן צאַפּנס אויף דער ערד,
צאַפּנס לאַנגע גרויע בערד,
איז צערונען קינדער־שפּיל,
מיטן שניי־מענטש, פון שניי די מיל.

שיינט די זון שוין הויך אין רוים,
לאַכן קינדער, לאַכט דער בוים,
נאָר דאָרטן וואו עס וואוינט די נויט,
בענקען קינדערלעך נאָך ברויט.

ס׳איז די מעשה אויסגעטראַכט,
ווי טויזנט, טויזנט אין איין נאַכט,
אַז ברויט איז ניט פאַראַן צו זאַט,
ווי טוי פאַר יעדן בוים און בלאַט.

קינדער אַלע קליין און גרויס,
שוואַרצע, געלע, ברוין און ווייס,
פון יעדן שטאַט, פון יעדן לאַנד,
גיט זיך קינדערלעך די הענט.

אַלע, אַלע אין אַ ראָד,
בענטשט די זון פֿאַר איר געגנאָד,
אַלעמען איז ברויט באַשערט,
צו אַלעמען די וועלט געהערט.

עס איז די מעשה אויסגעטראַכט,
ווי טויזנט, טויזנט אין איין נאַכט,
אַז ברויט איז ניט פֿאַראַן צו זאַט,
ווי טוי פֿאַר גראָז, פֿאַר בוים און בלאַט.

עס איז די מעשה אויסגעטראַכט.
ברויט איז יאָ פֿאַראַן צו זאַט,
נאָר ניט אויסגעטיילט איז גלייך,
צו דעם וואָס אָרים און וואָס רייך,

# משהלע שטיפער

משהלע, משהלע,
שפּילט זיך מיט אַ קוישעלע,
וואַרפט עס דער מאַמען,
וואַרפט עס צום טאַטן,
און איז אַ יאַט ווי אַלע יאַטן.

ציט מאַמען ביים פאַרטוך,
שלעפּט זי ביים קלייד,
שרייבט אויף די ווענט
מיט בליי און מיט קרייד.

לעפל, שיסל, טעפּ,
פון קעסטעלע די קנעפּ,
אַלץ צעוואָרפן אויפן דיל,
אויגעלעד צעפּלאַמט פון שפּיל.

און די שאַפע, די שאַפע,
משהלע יאַפע
אויסגעליידיקט ביז אַראָפּ.
מאַמע וויל קאָכן,
ניטאָ דאָרט קיין טאָפּ.

קומט עסן דער טאַטע,
קיין גאָפּל ניטאָ,
בלאַנדזשען בלויע אייגעלעד
ווייסן ניט אַ וואו.

פּלוצים פּאַרקוקט זיך משהלע
אויפן גרויסן טיש,
ווייזט מיט קליינעם פינגערל,
אויפן גומענעם פיש.

משהלע, משהלע,
עס פעלט דיר דריי חדשים
צו יאָרן צוויי,
ווי וועט אויסזען דיין שטוב
ביי יאָרן דריי?

## מיין זון אַ סאָלדאַט

יאָ, מיין זון, מיין אַכצן יאָריק קינד,
און דו ביסט אויך שוין אַ סאָלדאַט,
מיט רוק־זאַק אויף דער פּלייצע,
מיט שפּיז אין גאַרטל, ביקס אין האַנט,
קאָנסטו, אויך דו שוין גיין אין שלאַכט.

יאָ, מיין קינד, ווען איך בין יונג,
גיי איך מיט דיר האַנט ביי האַנט, זייט ביי זייט,
מאַמע אויג זאָל היטן דיך, דיין יעדן טראָט,
שיצן דיך פון יעטוועדער געפאַר,
אין דער שווערער, שווערער צייט.

עס איז פאַר מיר קיין טרייסט מיין קינד,
אַז דו ביסט איינער פון מיליאָנען,
ווי דער ים מיט זיינע כוואַליעס,
פול מיט אומרו זיינען מאַמעס,
אין גורל צייטן פון סכנות,

1942.

## פרימאָרגן

חיים׳ן מיט ליבשאַפט

די זון האָט היינט געשמייכלט,
אַזוי היימיש אויף מיין שויב,
פון ווייטן האָט געליכטיגט
אַ ווייסע מילדע טויב.

האָבן זיך פייגל צעזינגען,
איבערן דאַך פון מיין הויז,
האָט די פרייד ווי גלעקלעך געקלינגען
פון יעטוועדן ווינקל אַרויס.

1924

# ז ש ו ם

מלחמה וויג־ליד

זשום, זשום, זשום,
שלאָף ניט קינד מיינס,
שלאָף ניט איין,
עס קומט דער שונא באַלד צוגיין.
הערסט עס רוישט דער עראָפּלאַן,
שלאָף ניט קינד מיינס, שלאָף ניט איין
עס איז לבנה אויך פאַר שרעק,
אין די הימלען טיף אַוועק.

זשום, זשום, זשום,
שלאָף ניט קינד מיינס,
שלאָף ניט איין,
הערסט עס ברומט דער עראָפּלאַן,
ער פירט קיין שפּילגעצייג פאַר דיר,
ניט קיין בשורות פרייד פאַר מיר.

זשום, זשום, זשום,
איך דיין מאַמע ביי דיין וויג,
זינג ניט פון קיין ווייסע ציג.
ניט מיט ראַזשינקעס און מאַנדלען
איז געגאַנגען טאַטע האַנדלען,
נאַר מיט שונא אין אַ שלאַכט,
פול מיט גרויל איז די נאַכט.

זשום, זשום, זשום,
שלאָף ניט קינד מיינס,
שלאָף ניט איין,
מיר מוזן ווידער גרייט שוין זיין,
ווידער לויפן, ווידער גיין,
מיר זאָל זיין פאַר דיין געביין.

אפשר וועט באַשערט אונדז זיין,
אַז עס זאָל דער עראָפּלאַן,
ברענגען בשורות גוט און פיין,
שפּילגעצייג, לעקאָך, וויין,
און דעם טאַטן צוריק אַהיים
און אַ וועלט אַ פרייע,
זאָל ביי דיין צוקאָפּנס שטיין,
אפשר וועט באַשערט נאָך זיין.

1941

## ימען זון

### די אומגעקומענע קינדערלעך

ימען זון, ימען ליכט,
גיסן זיך אויף גאַסן,
קינדערלעך פון פרידלעך לאַנד,
שפּילן זיך און שפּאַסן.

ימען זון, ימען ליכט,
פאַר אַלע קינדער שטראַלן,
קינדערלעך פון מיין שטאַם,
פון שווערד און הונגער פאַלן.

ימען זון, ימען ליכט,
אַזוי־פיל גינגאַלד פאַסן,
ס'וויינט דער צער און אומעט שטיל,
דורך ליכטיק העלע גאַסן...

1940

## כ׳וועל קיינמאָל ניט זינגען

כ׳וועל קיינמאָל ניט זינגען,
קיין לידער פון פרייד,
ביז וואַנען די וועלט
וועט ניט ווערן באַפרייט.
פון צער, פון שווערד,
פון הונגער און נויט,
און שפּרייטן געצן,
פון אומקום און טויט.

כ׳וועל קיינמאָל ניט זינגען,
קיין לידער פון פרייד,
ביז וואַנען די וועלט
וועט ניט ווערן דערלייזט;
ניט שטעלן מיליאַנען,
לעבנס אין קאַן,
פאַר ערד פאַר צוימען,
פאַר פאַרבן פון פאַן.

## עס איז מיר שווער

עס איז אַזוי מיר שווער צו טראָגן
אויף די שמאָלע אַקסל מײַנע;
די וועלט מיט איר עול,
איר נחת, איר צער, און איר גרויל.

ס׳איז מיר שווער זיך אײַנצוקלאַמערן,
אין די ברייטע אָרעמס אירע,
אַז שבתים, אַז יום טובים,
זינגען אין דערוואַכן שירה.

ס׳איז מיר שווער זיך צו באַהעפטן,
מיט דער בלאַסער גרויער פרייד,
זיץ איך אין מײַן דלד־אמות,
ווי אַז אַבל אָפּגעשיידט.

.1919

# איך האָב געוואָלט

איך האָב געוואָלט מענטש און וועלט אויסמיידן,
אַוועק, אַוועק פון זייערע פריידן,
פון זייער גוטס און שלעכטס זיך שיידן,
ניט צו הערן זייערע ציינגער ריידן.

איך האָב געוואָלט זיך ערגיץ וואו באַהאַלטן,
פון אַלע בייזע טונקעלע געשטאַלטן,
צווישן באַרג, טאָל און טיפע שפּאַלטן,
אַליין פון זיך, פון זיך אַליין באַהאַלטן.

איך האָב געוואָלט אַ קדושה אָרט געפונען,
פון טרערן, בלוט און פּיין אַנטרינען,
וואו ס'קוקט אויף מיר דער אומעט ניט ווי גרויע שפּינען,
און מאַכן מיד און טרויעריק מיין זינען.

איך האָב געוואָלט געלייטערט דאָרטן ווערן,
ווי אין קלאָרע נעכט לבנה, ליכט און שטערן,
וואו עס וועבן זיך חלומות מיט באַגערן,
גלעטן ווייך דעם צער, אומעט שווערן.

און אומעטום וואו עס האָט מיין אויג זיך אָנגעשטויסן,
אַלץ איז פול מיט האַס און טרויער בלויזן,
דערנער שטעכיקע אויפ'ן אָרט פון רויזן,
און די וועלט מיט טעותן און גרייזן...

1917

## ניט דערזאָגטע רייד

עס האָבן פאַרקליבן זיך אין מיין געמיט,
ניט דערזאָגטע רייד, און ניט דערזינגען ליד,
פון אָרימע פרייד און וואָכיקע טעג,
וואָס האָבן פאַרהאַלטן מיין גאַנג אין זיין וועג.

נאָר אין נעכט אין שטילע, הער איך: „אַ שאָד",
ניט תּועם געווען דאָס ביסל גענאָד,
דאָס ביסל וואָס דיר איז געווען צוגעטיילט,
צעבראָקלט אויף בראָקלעך, צעשאַנקען, צעטיילט.

מאָנט עמעץ אין מיר אַן אייגענעם חוב,
פאַרפלויגן, פאַרפלויגן די גאָלדענע טויב,
שטיי איך און וואַרט מיט אַן אָפענער האַנט,
ווי אַ בעטלער אין ראָג ביי אַ רייכער וואַנט.

אפשר וועט עמיץ קומען צו גיין,
דעם חוב אָפּצאָלן מיט אַ ביסעלע וויין,
פאַרוויגן די אָרימע וואָכיקע טעג,
ווי די מאַמע אַמאָלביים וויגל די שרעק.

1950

## ג ע ב ע ט

גענען צו מיר נאַכט,
ס׳איז שטיל און שפּעט די שעה,
קום ווי די מאַמע אַמאָל,
באַהויך מיך מיט דיין רו.

נעם צו פון מיר די דאגות,
וואָס רינגלען אַרום מיינע טעג,
טעג אַזוי בלאַס און אָרים,
אַן דעם קלענסטן און מינדסטן פאַרמעג.

באַלד וויקלט דער הימל זיך אויף,
ווי די רויז אין שטילן פאַרטאָג,
פייגל שוין זינגען פון ווייט,
צוקאַפּנס נאָך פלאַטערט די זאָרג.

גענען צו מיר נאַכט,
ס׳איז שטיל און שפּעט די שעה,
ווי די מאַמע מיט ליבן בליק,
באַהויך מיך מיט דיין רו.

# שכינה

ש. ע. אין פריינטשאַפט

שכינה, כ׳ווענד צו דיר די אויגן,
מיט אַ שטומער תפילה;
שיק אַ טרייסט נשמות,
בענקנדיקע, שטילע.

שיק אַ טרייסט די הערצער,
פול מיט צער, און אומרו,
וואס מיט בענקשאַפט זוכן,
אַ גאָט, אַ הימל וואו.

און לאָז זיי ווייך באַרירן,
יענעם קדושה זוים,
אַנטפּלעק פאַר זיי דעם סוד,
פון פאַרבאָרגענעם טרוים.

און זאָלן זיי געלייטערט
פון דיין גרויסקייט ווערן,
אין דיין ליכט זיך טובלען,
ווי אין קלאָרע נעכט די שטערן.

.1920

## ט ו י ט

אין אונטערשטן גאָרן
געגרילט האָט אַ גריל,
און עמיץ האָט דאָרטן
געוויינט אין דער שטיל.

דאָרט האָט מיט עקשנות
געלויערט דער טויט,
אַ הונט האָט געוואָיעט,
הינטערן פּלויט.

# אַ בריוו צו מיין פאַרשטאָרבענער מאַמען

זיי וויסן, טייערע מאַמע,
ווי הפקר ס׳איז די וועלט געוואָרן,
הפקרדיקער ווי אין צייטן דיינע פון אַמאָל,
דאָס בלוט אין די אַדערן ווערט פאַרפרוירן,
הימלען וואָלטן שפּאָלטן זיך געמעגט פאַר גרויל.

אונדזער שטאָט און שטעטלעך — חרוב,
אַלץ איז אָפּגעמעקט און וויסט,
בית־עלמינס אין די גאַסן,
הרוגים אויף די וועגן,
אונדזער האָב און גוטס, וואַלגערט זיך אין מיסט.

און דו? ס׳האָט דער שונא מן הסתם,
אויך דיין קבר שוין דערגרייכט,
מעכטיק איז זיין שנאה, שטאַרק זיין האַנט,
אויסגעריסן דיך פון דיין קבר רו,
און פאַרוואָרפן דיין געביין ווער ווייס צו וועלכן ראַנד.

וואָגלט אום דיין שאָטן איבער וועגן,
אונטער האָגלען פון בליי און שרויט,
מיט מאַמע ציטער און שרעק אין דיינע אויגן,
זוכסטו מן הסתם די קינדער דיינע,
וואָס ליגן אונטער בערגלעך אַש שוין טויט.

מאַמע טייערע, ס'איז מוראדיק דער צער און פּיין,
עס וואַרגט מיין האַלדז,
ווי לעצטער קנופּ פון תּליונס שטריק,
אומעטום באַגלייט מיך דאָס אידישע געוויין,
אויף אַלע וועגן ליגט צעבראָכן אונדזער אַלטע בריק.

.1942

# ע ר ד

ערד, מיט טרויער און פּיין,
פון אונזער געוויין,
מיט בלוט פון שווערד,
מיט גרויל פון פּאַרגיין,
פון מענטשנ׳ס געביין,
האָסטו אויפגעיורן,
און ווידער געבוירן.

1946.

# שטראַלן

צום טאָג פון שלום אויסרוף אין 1918

טאַנצנדיקע, זינגענדיקע
שטראַלן, פראַלן,
דורך די פענצטער,
שפּרייטן זיך
אויף דיל און ווענט,
און עס לאַכט
די גאַנצע וועלט.

טאַנצנדיקע, זינגענדיקע,
שטראַלן, פראַלן
און מיט וועלט צונויפגעפאַרט,
גייען אין אַ קאַראַהאַד,
טראָגן אַן מחנות פרייד,
גליק און ליכט,
אויף וועלט צעשפּרייט.

1918

# ווידער וואָלט איך וועלן

ווידער וואָלט איך וועלן קומען אַהיים,
צו טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער,
און ווי די פייגל אין זייערע נעסטן,
אַנוואַרעמען די מידע גלידער,
אין די היימיש אַלטע שטיבער.

און ווידער זאָל שבת זיין ווי אַמאָל,
די באָבע זאָל קומען צוגיין פון שול,
פאַרפוצט אין שוואַרצן זיידענעם קלייד,
אויף איר האַלדז די יחוסדיקע גאָלדענע קייט,
אין איר בליק די שבתדיקע לויטערע פרייד.

און זי זאָל ווידער זיצן איבערן טיש געבויגן,
מיט ערלעכער פרומקייט אין די ליכטיקע אויגן,
לייענען מיט ליבשאַפט די צאינה־וראינה,
מיט טרויעריקן ניגון פון איכה, און תחינה,
און איבער איר די שבתדיקע שכינה.

און דער זיידע נאָכן שבתדיקן שלאָף,
שפּאַנט אום פאַרטראַכט מיט אַ ספר אין האַנט,
אין לאַנגן שלאַפראָק ביז צו דער ערד,
אַזש פון ארץ־ישראל געבראַכט דאָס געוואַנט,
באַמאָלן מיט קעמלען און יידן מיט בערד.

II

אויפֿן טיש וואָרט דאָס שבת־אויבס,
אויף פּעטערס, מומעס שוועסטער־קינדער.
מען דערציילט זיך מעשיות פֿון ניסים און וואונדער,
די זון גיסט איר גאָלדן ליכט אויף די שויבן,
אין הויף דרייען זיך אום שבתדיק די טויבן.

דער טאַטע טוט דעם ברודער פֿאַרהערן,
די מאַמע: מסתמא אַ רב וועט ער ווערן,
שטיל און פֿאַרבאָרגן שעפּט זי נחת,
און בענטשט אים אין האַרצן מיט ברכות.

דער פֿאַרנאַכט קוקט דורך די שויבן אַריין,
אויפֿ׳ן טיש שטייט שוין דער הבדלה־ווייַן,
גרויע שאָטנס וואַנדערן אויף ווענט שוין אַרום,
די באָבע ביים פֿענצטער זאָגט גאָט פֿון אברהם:

„דער הייליקער שבת גייט אַוועק,
עס קומען שוין צוריק די וואָכעדיקע טעג,
ליבער גאָט זאָלסט אונדז ניט מינערן נאָר מערן״.
— איך גיי אַרויס זוכן די שטערן.

ווידער וואָלט איך וועלן קומען אַהיים,
צו טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער,
און ווי די פֿייגל אין זייערע נעסטן,
אָנוואָרעמען די מידע גלידער,
אין די היימיש אַלטע שטיבער.

1950

# וואָס זאָל איך טאָן

וואַס זאַל איך טאַן אין די טרויעריקע טעג,
אַז חרוב און וויסט ווערן לענדער און שטעט,
און אַלץ וואַס איך האַב נעכטן פאַרזייט,
איז ווי הונדערטער יאַרן אַוועק שוין פון היינט.

וואַס זאַל איך טאַן אין די טרויעריקע טעג,
אַז עס בלייבן נאַר חורבות פון לענדער און שטעט,
און יונגע לעבנס ווי פרילינגס פאַרגייען,
און עס ווילן מידע הענט ניט זייען.

וואַס זאַל איך טאַן אין די טרויעריקע טעג,
אַז איבער אונדז לויערט אַן אייביקע שרעק,
אַז יעדעס געזאַנג פאַרגייט פאַר דער צייט,
און מיר — די רינגען פון אַ טרויעריקער קייט.

וואַס זאַל איך טאַן אין די טרויעריקע טעג,
אַז האַרץ מיינס איז פול מיט צער פון דער שעה,
און אַ הוילקייט אַזאַ קריכט אום אין מיין לייב,
און אַפּגעטאַן האַט זיך פון מיר די רו.

**1943**

# א י נ ה א ל ט :